מ. אָליצקי

# אין פרעמדן לאנד

לידער

עשװעגע — דײטשלאנד

1948

# לידער צו מייז ברודער ברוך

**.1**

עס דערציילן מיר די וואָלקנס, וואָס זיינען געבליבן:
יעדן טאָג
האָט ער די אויגן אויפגעמאכט פאר אונדז
און אונדז אריינגענומען.
דאָרטן האָבן מיר סיי ליכטיקייט געהאט,
וואָס מאכט דעם גוף
מיט זיבן הימלען גרינגער;
סיי טרויער
שווערער פון דער ערד.

עס דערציילן מיר די שטערן, וואָס זיינען געבליבן:
יעדע נאכט
האָט ער אונדז אָנגעשעפט מיט ברויגע קריגעלעך
פון אויגן
און אריינגעגאָסן אין געמיט.
דאָרטן האָבן מיר געהאט:
לבנה'ס
ווי גרויסע טרערן,
אָפגרונטן פון נאכט,
און בענקשאפט,
וואָס איז גרעסער נאָך פון אונדזערער געוויין. —

נאָר קיין מענטש דערציילט מיר גאָרניט וועגן דיר,
ווייל ס'איז קיינער ניט געבליבן.

## .2

ביסט קראנק געווען. —
קראנק צוליב דער זון. וואָס איז נים קאַלט געוואָרן,
און מים פינגער ווארעמע געגלעט
די קעפ פון רויבער.

קראנק צוליבן רעגן:
ער האָט אראָפּגעוואָרפן בלויע נעצן
אין קאַלוזשעס פון בלוט.

צוליב די שטערן:
זיי זיינען נים אראָפּ אויף מערדערס קעפּ,
ווי שטיקער בליי.

און אויבעט צוליב דעם:
עס האָט א וועלט. וואָס איז פון זין אראָפּ,
אויף דיר געשריגן.

ביסט קראנק געווען.

## .3

דו האָסט געשאָלטן. —

די שיין פון טאג,
וואָס איז געווען פאר דיין ווונדיק לייב,
ווי יאד.

די פינסטערניש פון נאכט.
וואָס פלעגט דיר ניט פארצערן ביזן סוף
און איבערגעבן זון.

די שלעכטע האנט,
וואָס האָט דיין גוף אוועקגעוואָרפן
אין א ווינקל פון דער וועלט. —

דו האָסט געשאָלטן. —

## 4.

נים די זון
האָט יענעם טאָג צעלייגט אין דיין געמיט
א גרויסע שריפה.
ווי א וווּנד —
דאָס האָט דיין שטעטעלע געברענט.

נים קיין כמארעס
האָבן דיין געזיכט געהיילט
פון בושה.
ווי באַנדאַזשן —
דאָס זיינען רויכן פון דיין שטוב געווען.

נים די נאכט
איז אין דיין אויג געלעגן דאָן
מיט פינסטערניש.
ווי טיפע גריבער —
דאָס האָט אויף דיר דער קברים־ראָוו געקוקט.

**5.**

דו האָסט געזאָגט צו דיינע שילער:

עס האָט איך אָפּגענאַרט די שול.
דער וואַלד איז מיט געוויינען פול.
און נים מיט לידער.
עס שרייען נים די באָרוועסע קוקאַיוקעס
צו דער זון —
דאָס יאָמערן געשאָכטענע די ברידער,
און ס׳האַווקען
הפקרדיקע יעגער־הינט.
א רויט געוועש צעהאָנגען האָט דער ווינט
פון זעקעלעך
און קינדערישע העמדער –
און נים קיין וואָלקנס איינגענעצט אין שקיעה.

**.6**

פרעגן דיר די שילער: איז דאָס לערער וואָר,
אז די ביימער בליען אויבעט היינטיקס יאָר
אז מיט זיסן האָניק שמעקט דער ווייסער צווייט —
נאָר ביי אונדז אין געטאָ וואקסט קיין גרעזל ניט?

זאָגסטו: טאקע, דאָס איז ריינע וואָר,
אָפגעוועלקטע גראָזן זיינען קינדערס האָר.

פרעגן דיר די שילער: איז דאָס לערער אמת:
עס זיינען בלומען דאָ וואָס הייסן כריזאנטעמעס,
און זיי זיינען בלייכע, און זיי זיינען צארט —
מיר האָבן לאנג אויף זיי געווארט.

זאָגסטו: אמת, טייערינקע, אמת,
קינדערס בלייכע בעקלעך זיינען כריזאנטעמעס.

פרעגן דיר די שילער: איז דאָס לערער, ריכטיק,
אז אויף יענער זייט איז דער טאָג גאָך ליכטיק,
און די פייגל שוועבן אין דער הייסער זון?—
עס האָט זיך היינט ביינאכט געחלומט אונדז דערפון.

זאָגסטו: ריכטיק, ריכטיק, און ביי קינדער ווערן
דלאָניעס ווי די פייגל וועלכע טרינקען טרערן.

## 7.

די האָסט מיט קאָפּ געהאַקט אָן צווייגן
פונם קארשנבוים
ווי א פאַרמשפּטער אָן קראַטן.
און נים געקענט אריין פון יאָמערדיקן לאַנד
אין לאַנד פון שווייגן.
ס׳איז דאָרטן שטיל און שאָטנדיק און גרין,
ווי ס׳איז געווען אמאָל אין דיין געמיט.
עם רוען שפּורן באָרוועסע
פון פייגל׳טריט
אויף שמאָלע סטעזשקעלעך פון ווינט.
א שפּליטער פון א ליד
גלאַנצט אויף פייכטע ליפּן פון די בלעטער
אייגן און באַקאַנט. —
האָסטו מיט קאָפּ אָן קארשנבוים געהאַקט
און נים געקענט אריין
אין שטילן לאַנד.

## 8.

די שטיינער זיינען נים געוואָרן ווייך פון בלוט
עס זיינען נים צעגאַן די ווענט פון הייסע טרערן.
א גרויסע פיין האָט דאַן אויף דיר געררוט
און האָסט עקשנותדיק געשוויגן צו די שטערן.

אָן אייביקייט געדויערט די סעקונדע
און ברענגט צוריק דיין קערפער צו א ברעג;
אויסגעקרימטע הימלען ווערן ווידער רונדיק
און שווימען פון די געטאָ־ווענט אוועק.

ביסט ווידער דאָ מיט אויער און מיט אויג.
עס איז דיין גוף געשפאַנט מיט נייער גבורה;
עס בענטשט די נאַכט דיין יעדן בויג

מיט טרייסטנדיקע ליפּן שטילערהייט.
און אויפצונעמען נאָכאמאָל יסורים
ביסטו א געהייליקטער שוין ווידער גרייט.

## 9.

דיין דארער גוף ליגט תפילהדיק און ריין
אין ווינקל פון דער אָוונטיקער צעל;
א שווערער אָטעם איז געבליבן שטיין
און שווייגט מיט רויטע פלעקן אויף דער שוועל.

דורך פענסטער קוקט אריין דער האָריזאָנט
מיט פינסטערע און טיפע גריבער;
ער האָט אין דיינע אויגן קוים אליין דערקאַנט
זיין לעצטן שקיעה פיבער.

ביסט ווייט אצינד פון יעטוועדער געפאר,
ווי ווייט עס איז די וועלט פון דיר;
ווי ווייס עס איז דער צער,

וואָס יאָגט פון דיין פארמוטשעטן געביין!
ער מאכט נאָך בלוטיקער די פלעקן ביי דער טיר,
און דיין גוף נאָך מערער ריין.

## .10

אין דער מינוט איז אלץ געוואָרן אויפגעלייזט:
דער גאנג פון צייט.
וואָס האָט ביי דיר אין האַרץ געשלאָגן.
דער רוים. וואָס פלעגט פארשווינדן אין דיין אויג,
און ווידער זיין.
דער שטרענגער בויג
פון האָריזאָנט, ווי א געשלאָסענע פאָרמול.
די רויטע וואונד פון ברענענדיקער שול.
און אויך די פיין—
זי איז געווען דיין לעצטע טרייסט.

## .11

בײַ װעמען איז דײַן ליד געבליבן,
דאָס גרױסע ליד. װאָס האָסט נים אָנגעשריבן?
איך װעל דאָס זוכן צװישן פלאַמען.
װאָס האָבן דיר אין רױטע לײַלעכער געװיקלט.
בײַ װינטן װעל איך פרעגן –
זײ האָבן דיר געװיגט אױף אָװנטיקער תּליה,
װי עס װיגט א פּיצל קינד א מאַמע.
איך װעל מאָנען בײַ די װעגן.
װאָס האָבן דײַנע טריט אַרײַנגעזאַפּט װי שקיעה.

## .12

איך מיין נאָך אַלץ: דו ביסט נאָך דאָ,
מיט שמאָלן גוף און דאַרע הענט.
דו שטייסט פאַר בין־השמשות־שעה
פאַרמאַכט אין קלאַמערן פון ווענט.

דו זעסט דעם טאָג וואָס איז אַוועק,
דו פילסט די נאַכט וואָס גייט;
און טיף אין דיין געמיט, אויף דעק,
א גרויסע זון פאַרגייט.

טיף אין דיר דער האָריזאָנט
גייט אָפּ מיט שקיעה און מיט וויי;
און צו די אויגן, נאָענט, נאָנט
קומען אָן לבנה׳ס צווייַ.

זיי רינען ליכטיקע און קלאָר
אַראָפּ אויף דיינע שמאָלע הענט –
איך מיין נאָך אַלץ: דו ביסט נאָך דאָ
פאַרמאַכט אין קלאַמערן פון ווענט.

## רו

דער מיין פון יעדן גוף איז מיר פארהוילן,
אויף יעדן פנים קוק איך מיט א חשד;
קיין רו האָב איך געפונען ניט אין פוילן,
און אויכעט דאָ האָב איך זי ניט געהאט.

עמעצער פארגייגט זיך און איך בין ניט זיכער,
צי גריסט ער מיר, צי וויל ער מאַן א שטויס;
אויף שכנס ליפן הער איך אָפט א וויכער,
וואָס וויל מיין גוף אוועקטראָגן פון הויז.

מיין אויג האָט מורא יענעמס אויג באַרירן,
ווייל מעגלעך, אז אין וויעס טראָגט ער מיט
דעם לעצטן שאָטן פון פארלאָזטע טירן
און פון מיין ברודערס לעצטע טרויעריקע טריט.

ווי ווייס איך דאָ ווז ס'האָט געוווינט פארברעכער,
און וואָסער הויז עס איז פארבליבן ריין?
עס זאָגן גאָרניט וועגן דעם די רויטע דעכער,
און אלע זיינען זיי אין שקיעה שיין.

עס וועקן ניט מיין צוטרוי די פארהויבענע גארדינען,
און ניט אין גערטנדל די שלוהדיקע באַנק —
קיין רו האָב איך אין פוילן ניט געפונען,
און וועל זי אויך ניט האָבן, ווייס איך, לאַנג.

## דאָס העמד אויף מיר

פאמעלעך וועד איך היימיש אין דער פרעמד.
און האָב דעם קאָפּ פאר וועמען צו פארנייגן,
נאָר גאָר דאָס נאָענסטע · אויף לייב דאָס העמד —
קען דאָך צום לייב ניט ווערן אייגן.

איך טו עס אָן און זע: ס׳איז צוגעפּאסט.
דער קאָלנער גוט די ארבל ווייס און ריין.
מיין גוף אָבער. דערפילט זיך ווי א גאסט,
וואָס איז געקומען אין דער פרעמד צו גיין.

דאָס ציטערן פון יענעמס הענט א פּאָר
באהאלטן ליגט אין די מאנזשעטן;
ניט־באקאנטע ווייכקייט פון א צווייטנס האָר
רירט מיין נאקן אָן מיט קאלטע גלעטן.

בשכנות פון מיין הארץ איך הער פולסירן
דעם אומרו פון א צווייטנס נאָך;
און ווען די ברוסט נעמט האסטיקער זיך רירן —
גיט ווייסער שטאָף אן אויפגערעגטן פאָך.

ס׳איז נאָך א גוף פאראן אין צוגעשיקטן העמד.
איך פיל זיין ווארעמקייט. וואָס וועט ניט מיר װעהערן.
פאמעלעך ווער איך היימיש אין דער פרעמד
דאָס העמד אויף מיר קאָן היימיש דאָך ניט ווערן.

## דער הימל

דער הימל איז דאָ קלאָר און גרויס
ווי ס'איז דער הימל אומעטום;
דאָך שטרעק איך אים די הענט ניט אויס.
און נעם אים ניט ארום.

פון רויטע דעכער קען ער גוט די שיין,
און קען די שפּיציקייט פון הויכע טורעמס;
איך נעם זיין בלוי אין אויגן ניט אריין,
און ניט אין הארץ די רייד פון זיינע שטורעמס.

איך פיל אים ניט. דעם הימל. איבער מיר.
איך ווייס נאָר. אז ער איז פאראהאנען,
ער וועט מיר מיט זיין ליכטיקן קאָליר
די אויגן פון מיין מיידל ניט דערמאנען.

מיין מיידלס אויגן זיינען ווארעם-בלאָ
געוועזן. און צום הארץ געערדט.
איך ווארט ניט. אז דער הימל דאָ
זאָל געבן מיר, ווי זיי, א גלעט.

# אינצווייען

אין שטאָט פון שונא טרעטן מיינע פיס.
דאָס גליק איז גרויס און קאָן א סך דערפרייען.
איז קיינער נישט געבליבן אויסער איך און דו
אין שטאָט פון שונא. גייען מיר אינצווייען.

די הייזער זיינען מיט א טיפן ריס.
גאסן שווייגן פינסטער מיט טראַנשייען.
צו אונדזער מאָלצייט קומט נישט קיינער,
ווער קומען דארף. קומען מיר אינצווייען.

אין ווייסן צימער איז געדעקט דער טיש.
אין דערווארטונג פלעשער ווינען שטייען.
דאָס ברויט איז טרויעריק, אויף ווענט דער שאָטן
פון די, וואָס זיצן נישט. זיצן מיר אינצווייען.

דורך די שויבן שיט דער אָוונט אש
פון היים אמאָליקער. וואָס איז אוועק אין ווייען.
דאָרטן זיינען אלע. ווער־זשע זיין דאָ וועט
אויף אונדזער שמחה? זינגען מיר אינצווייען.

# דיין בליק

דיינע אויגן זיינען, דורכגייער, סיי קאַלט, סיי בייז
און זאָגן ניט קיין גוטס;
אזוינע אויגן קענען ניט, איך ווייס,
זיין פאר מיר א שוץ.

דער בליק איז שארף ווי מעסערס שטאָל,
און פול מיט הונגעריקע וועלף;
אזא איז ער געווען ווען ס'האָט אמאָל
מיין ברודער דיר געבעטן: העלף.

פון וויעס קוקט ער שטרענג אפער,
און מאכט זיי, ווי די זעגלען, אָנגעצויגן,
די אקסל מיינע ווערן פון אים שווער,
און נידעריק אראָפּגעבויגן.

אין טונקעלער דערמאנונג קומט צוגיין
דער געטאָ אומגעריכט,
ווי ס'טרעפט די מעסערשארף א שטיין,
וויל איך, או דיין בליק זאָל טרעפן מיין געזיכט.

## שלוהדיקע שטאָט

איך וויל אוועק. נישט שטערן אייער רו.
נים קלאפּן מיט די הארטע שיך.
דער לייב אויף וואנט פון קנייפּע דרימלט צו
עס שוימט דאָס ביר אין גלאָז אריבער זיך.

די ברידער זיינען באָרוועס דאָ געגאַן
און האָבן אייער פרידן נים געשטערט.
די ווייסע שטילקיים, וואָס איז איצט פאַרהאַן,
איז אויבעט דאַן געווען אויף אייער ערד.

עס האָט אייך נים געארט אז עמעץ שרייט.
אז עמעצער פארבייסט די ליפּ אין וויי.
זיי זיינען דאַן געוועזן פון אייך ווייט
און ריינער אומשולד איז געווען דער שניי.

קלאפּט נים, טומלט נים געזונטע מיינע שיך!
גייט שטיל. ווי שטיל עס איז געווען דער טראָט
פון ברידער מיינע. וואָס מען האָט אויף גיך
געטריבן באָרוועסע דורך שלוהדיקער שטאָט.

איך וויל אוועק. אוועק, נים שטערן אייער רו.
דעם שלאָף פון לייב. דאָס ביר וואָס שוימט אין גלאָז,
דעם ריינעם שניי, וואָס דעקט מיט אומשולד צו
פון זייער גיין דעם פיינלעכן פאַרדראָס.

# דער לאַגער איז טאָל

עס טרעפֿט זייער אָפֿט. אַז דער לאַגער אין טאָל
זעט אויס מיר אַזוי ווי אַ זאַל אין שפּיטאָל.

דער שטיינערנער פּלויט האָט פֿיר ליכטיקע ווענט
מיט טירן און פֿענסטער צום דרויסן געווענדט.

די בלאָקן, ווי בעטלעך. צעשטעלט אין אַ ריי
מיט זויבערע קישנס און קאָצן פֿון שניי.

די ביימער — בלויז שאָטנס פֿון נאָענטן וואַלד.
די ווייסקייט גייט אום אין אַ שוועסטער־געשטאַלט.

מיר זיינען קראַנקע. מיר טראָגן אין זיך
דעם עלנט פֿון אַלטע פֿאַרוואָרפֿענע שיך.

די נאָגנדע בענקשאַפֿט פֿון אייגענעם העמד.
וואָס קומט אָפּ אינאיינעם מיט אונדז אין דער פֿרעמד.

מיר זיינען קראַנק אויף אַ ביטער געוויין
וואָס מאַטערט די מענטשן וועלכע זיינען אַליין.

מיר גייען געלאַסן ווי מען גייט אין שפּיטאָל
און ריידן אין היץ פֿונם וויטן אַמאָל.

# ניט איך

ווער טראָגט די שולד פאר טרויעריקע אויגן?
ניט איך. ניט איך.
פרעג דעם שכן. וואָס ער גייט געבויגן
און טראָגט א יידיש העמד אויף זיך.

ווער טראָגט די שולד פאר בעטלדיקע הענט?
ניט איך. ניט איך.
פרעג די פולע שאפעס ביי די ווענט
אין גרוימער קיך.

ווער טראָגט די שולד פאר אָפּגעדעקטע לייבער?
ניט איך. ניט איך.
פרעג ביי דיינע שכנות ווייבער.
וואָס טראָגן פרעמדע פּאַלטענעס און שיך.

# ליד פון א ד. פ.

ס'איז נים ניחא מיר דער אָפרו. וואָס עס האָבן מיינע גלידער,
נים דאָס העמד געשיקט פון ווייטן, צוגעפּ־עסט און נים־צעריסן;
ס איז די גוטסקייט פון די מענטש; מיר געוואָרן שוין דערווידער,
און געבליבן שטיין אין הארצן. ווי אין האלדז דער קצבה־ביסן.

די זאָרג, וואָס פרעמדע האָבן, איז די גרעסטע לאסט פאר מיר אליין,
אין רייפטל ברוים. וואָס כ עס דערפיל איך איר געוויכט.
זי מאכט עס זאָל מים בימערקיים זיך קלעפן צו די ציין,
און בויגט אַוועק פון טישל מיין געזיכט.

ווי גרוים דער טאג עס איז ווי גרוים! מיר און שפעט
איך פאַל אין נאכט אריין. ווי אין א נאַסער גרוב.
פארקלאמערט אין די ברעטער פונם הארטן בעט
שווימט מיין גוף אין טרוים צו א באקאנטער שטוב

ווו מיינע איז די באנק. די שאַפע דער וואזאן —
ער שטייט שוין לאנג אין פענסטער טרויעריק פארטראכט.
די פלעקן אויפן טישטוך  דאָס האָט מיין קינד געטאָן
דער פאָרהאנג אויף דער שויב — דאָס האָט מיין פרוי געמאכט.

אויף ברעטער פון געלעגער זוך איך לאנג א רעטונג
פון נאסער נאכט און פונם טאָג וואָס קומט שוין ווידער
זיין וועט ער ווי פריער. מיט גנאָד און קצבה דיקער זעטונג,
און איבלען וועט פון אים און זיין דערווידער.

# ליד פון א לאַגער־מאַמע

כ'האָב נים געקויפט פאר דיר אין קראָם קיין נייעם אָנשטם.
מים פעדערן נים אנגעשטופט מים פרישע.
פון ווייטן דאָרף האָב איך, פון פרעמדע מענטשן.
געבראכט פאר דיר אן אלטע קישן.

קיין וויגל האָב איך נים. איך וועל דיר אויך נים זינגען
פון ווייסע ציגעלעך און זיסע מאנדלען.
צוקאפנס שטיים נים קיינער — איך דיין טאַטע
האָט געלאזט זיך איבער ימען וואנדלען.

איך וועל דיר מאכן גוט. עס וועלן דיינע ביינדלעך,
די הארטקיים פון געלעגער נים דערפילן.
דעם אלטן ווינט אין לאגער וועל איך בעטן
ער זאָל אויף דראָטן דיר א לידל שפילן.

און שפעטער: ווען דו וועסט שוין שלאָפן
מים קעפעלע אין קישן איינגעגראבן —
וועל איך, מיין קינד, אין אויער'ל דיר שעפטשען:
— זאָלסט נים אויף דיין מאַמען קיין פאריבל האָבן.

# אַ קאַצעטלער

ער ווייסט פון אויגן. וואָס זיי מאַכן זיך ניט צו. ווען ס'ברענט אַ מענטשנס גוף.
פון הענט, וואָס וואַרפן קינדער אין דער גרוב ווי שטיינער.
ער ווייסט, אַז הרגענען קען אויכעט ווער מענטשלעכער באַרוף,
אַז פונקט ווי צווייגן קענען ברענען ביינער.

אין העלן טאָג האָט ער געזען אומבאַשטראָפט פאַרברעכן,
רציחה. רשעות מערדעריי. בעסטיאַלישקייט און רויב
ווי מען קען אַ מעסער קאַלטבלוטיק אין האַרץ פאַרשטעכן —
און די אויגן זאָלן גלאַנצן ווי מיט שקיעה גלאַנצט אַ שויב.

ער האָט נאָך געזען, פון וואָס דער אָטעם ציטערט.
דער קאָפּ אַ גרייטער וואַרט, ווי צוויש ציין אַ נוס.
געפילט די גרויזאַמקייט וואָס אינם פּנים ריטערט.
די שרעק ווען קערפּער גיט זיך אָפּ דעם מערדער אין רשות.

ער ווייסט פון גרויסקייט אויך פון קדושים איז אָבער שווער פון, דעם צו טראַכטן
דאָס פרעסט זיין האַרץ צונויף. דאָס טוט אים וויי,
עס פעלן כוחות אויס די מערדער צו פאַראַכטן,
און ווייניק איז די ריינקייט צו דערמאַנען זיי.

קיינעם ניט דערציילט ער פון די טרויערן און קומער,
וואָס זיינען איינס געוואָרן מיט זיין פלייש און ביין.
די האַנט נאָר. מיט דעם אויסגעקריצטן פיאָלעטן נומער
זאָגט. אַז איר דאַרפט וויסן אַלץ שוין. ווי עס ווייסט דאָס ער אַליין.

# א פֿויער אקערט

א פֿויער אקערט אויף דאָס הארטע פֿעלד,
און מיר איז שווער א ווארעם ווארט אים זאגן.
כ׳געדענק נאָך גוט ווען ער האָט איבער וועלט
זיין אויטאָמאט געטראָגן.

כ׳האָב מורא, אז קאן געשען ווידער:
די הענט וואָס וועלן רייפֿע זאנגען קלויבן
װעלן טירן אויפרייסן בײַ לעצטע ברידער
און האַקן שויבן.

כ׳האָב מורא, אז עס קאן געשען ווידער:
די הענט, וואָס וועל, פֿרישן ברויט באַרירן
וועלן מיינע לעצטע ברידער
צו די גריבער פֿירן.

ווי זאָגט מען ניט א ווארעם ווארט דעם פֿויער,
וואָס גייט נאָך שווערן אקער איינגעבויגן?
מיט ווייסטער טרוקעניש עס זאָל אים אונדזער טרויער
קומען פֿאַר די אויגן!

# מיין גוטע שוועל

פֿון ווייטן וואנדער קום איך מיר צוריק
דעם בּראָך אין זיך אריינצונעמען גרייט.
מיט שוואכן פֿוס איך פּרוּוו די ערד; זי שטייט.
סיי גראָז, סיי בוים רירט אָן מיין שטוינענדיקן בּליק.

א יונגע שוואלב פֿליט אימפּעדיק פֿארבּיי,
זי טראָגט אין שנאָבּעלע א לאנגן שטרוי.
ס׳איז אמת איבּער מיר דעם הימלס בּלוי,
און אויך די נעסט, וואָס בּויט זיך אויפֿדאָסניי.

מיין האנט נעמט אָן א ביסל ווארעם מיסט;
דאָ איז געווען אמאָל מיין גוטע שוועל.
וואָס דארף איך מיינען איצט? אז קענען כ׳וועל
דער צער אויועקנעמען פֿון קראנקער בּרוסט?

זי שטייט. די ערד. זי האָט זיך ניט גערירט.
די פֿיס נאָר ציטערן או גייען ראָך.
די פֿיס, וואָס האָבּן מיר מיט וועג פֿון בּראך
בּיז צו מיין שוועל, וואָס איז ניטאָ געפֿירט.

# די טיר איז אויפגעמאכט

די טיר איז אויפגעמאכט. די טרעפ געפארבט און ריין
נאָר מיר איז שווער אהין אריינצוגיין.

איך קען אמאָל אויף טיש געדעקטן טרעפן
פון אונדזער שטוב א מילכיקן לעפל.

א פליישיק מעסער מיט א שטאָלן קלינגל,
וואָס בענקט נאָך פרומע צימעריקע פינגער.

פון גרויסער שאפע קען ארויסלייכטן פארשעמט
דער ווייסער ארבל פון מיין ברודערס העמד.

א שיכל קען פון אלקער טאָן א שפאן:
דאָס קליינע פיסעלע — איז מער שוין נים פאראן.

צי קענט איר מיר פארזיכערן, האָבגעשעצטע פרוי,
אז אין שטוב ביי אייך איז נים אזוי?

# דאָס בלויע קלייד

ווי שיין עס איז אויף אייך דאָס בלויע קלייד. ווי שיין!
דער דינער שטאָף איז דורכזיכטיק און ריין.
ער מאכט אייך שלאנק, גראציעז און פול מיט יונגן חן -
אפּאללאָ קאָן מיט אייך שפּאצירן גיין.
ווי שיין עס איז אויף אייך דאָס בלויע קלייד. ווי שיין!
איז דאָס ניט פון אונדזער מוטער היים?

ווי גרויסארטיק עס ליגט אויף אייך דאָס בלויע קלייד!
גלייך ווי אָנגעמאָסטן, גלייך אויף אייך גענייט.
געגרונדיקט אין דער טאליע, און ווען איר גייט
שפּאַרן זיך די בריסטן מיט א הייסער פרייד.
ווי גרויסארטיק עס ליגט אויף אייך דאָס בלויע קלייד!
איז דאָס ניט פאר אונדזער שוועסטערל געוווען גענייט?

ווי גוט עס איז פאר אייך דאָס בלויע קלייד. ווי גוט!
זיין ווייכקייט מאכט אייך שמייכלענדיק בארוט
און ווי דער הימל מילד. א זעליקע מינוט
שפּרייט אייער בליק. וואָס איז מיט גוטסקייט פול.
ווי גוט עס איז פאר אייך דאָס בלויע קלייד ווי גוט!
זעט מען ניט אויף דעם א טראָפּן בלוט?

# צעשטערטע אעראפּלאַנען

אין אויסגעקרימטע פליגל ליגט א קראפט, וואָס איז צעשטערט.

זיי האָבן האָריזאָנטן בייז געשניטן,
איצט ליגן זיי באליידיקט, אויף צעפליקטער ערד
גלייך זיי וואָלטן דאָ אומזיסט געליטן.

גלייך זיי וואָלטן נאָר די לוימערקייט פון הימל,
די ווייסע שיין פון הויכן טאָג געמיינט;
און ניט דיין שוועל אין יאָרנלאנגן דרימל,
און ניט דיין גוף, וואָס האָט פון שרעק געוויינט.

זייערע מאָטאָרן האָבן יאושדיק געברענט,
פריער האָט אין זיי געררוישט דער ווילן
צו פארנעמען דעם געהילך פון פאלנדיקע ווענט,
דאָס אומבאהאָלפענע געשריי ווען ס'פלאצן דילן.

און איצטער? טראכטן זיי אצינד צו ווערן
הערצער ביי די פרידלעכע פאבריקן?
גלויב זיי ניט! אין שטילקייט פון די חורבות הערן
זיי כסדר אויפרייסן פון בריקן.

דער האנט, וואָס האָט מיט זיי געפירט — גלויב אויכעט ניט!
די אויגן גלויב ניט וועלכע מיט גלייכגילט האָבן
צוגעזען ווי א הויז פארשיט,
און ווי א געסל ווערט א שמאָלער גראָבן.

שנאה איז נאָך אין דער האנט געבליבן
ביי דעם, וואָס האָט געחלומט פון א בייזן זיג.
צעשטערטע קראפט וועט קיינמאָל רו ניט ליבן,
זי וואַרט געדולדיק אויף א נייעם קריג.

# רויטע דעכער

די וועגן זיינען גלאט און אספאלטירט,
און פירן צו א שטאָט.
דאָך איז וואקלדיק מיין טראָט.
און האָט מיר צו קיין שוועל נאָך ניט דערפירט.
איך גיי. ווי סוואָלטן שטיינער שפּיציקע
מיינע פיס געשטאָכן.
ווי ס וואָלטן לעבער אין אספאלט געווען.
און יעדער סטויפּטשיקל וואָס איז אין אים פארשטאָכן.
ווייזט מיט שארפן ווייזער
אָן דעם וועג
שרייט צו מיר: אוועק!
דאָרט, ווו ס'שטייען גאנצע הייזער —
איז ניטאָ דיין הויז!
מיט רויטע דעכער גלאנצט די שטאָט אין זון
און לאכט מיר אויס.

רויטע דעכער זייגען ניט קיין שרפות.
נאָר ווען דער טאָג גיסט אויס אויף זיי זיין ליכט —
צינדן זיי די וויעס
מיט שטיקער פלאם.
און זייער אָפּשיין ברענט מיר דאָס געזיכט.
זע איך ווידער רויכן פון דער היים
און זע מיין שטאט
וואָס ברענט ווי האָריזאָנט אין שקיעה.

רויטע דעכער ווייסן ניט פון בלוט.
נאָר ווען די נאכט נעמט זיי אוועק,
און לאָזט א שפּעטנדיקע שיין אין שטיבער —
דערזע איך אויפדראָסנייז
שטומע יידן אין א שטומער ריי
ביי אָוונטיקע גריבער.
און מערדערישע הענט וואָס טראָגן אונטער פינסטערניש
א רויטן פלעק.

נאכט אין שטאָט פון רויטע דעכער
גרויע הייזער זיינען גרויער.
ניט־געזעגנטע פארברעכער
גרייטן צו א נייעם טרויער.

נאכט אין שטאָט פון רויטע דעכער.
פענסטער זיינען סודותדיקער.
שאָטנס פון געהיימע לעכער
רייסן מיין געמיט אויף שטיקער.

פינגער שפּיציקע פון שארפע האקנקרייצן
זוכן מיר פון הינטער הארטער וואנט:
ווו איז די געלע לאטע אויף דיין פלייצע?
ווו איז דער מגן־דוד אויף דער האנט?

זיי ווילן ווידער ווערן מיינע ריכטער.
מיט שארפע נעגל טאָן מיין לייב א ריס;
שטילער. שטילער. אין דער נאכט געדיכטער
ווערט מיין שאָטן. און די שרעק פון פיס.

נאכט האָט צוגענומען ביי דער שטאָט די פארבן.
און פארדעקט איר מיט א שווארץ געוואנט.
די גאסן לייען איך געַנוי. ווי קארבן
אויף א פנים. וואָס איז גוט באקאנט:

די רויטקייט אויף די דעכער איז פאראנען,
די גרינע בלעטער. און דער גרויער שטיין.
אויך אזעלעכס. וואָס איז ניט פון דאנען,
און האָט די פארב פון א באקאנט געוויין.

דעכער אנדערע האָב איך געקענט:
פון פראָסטע בלעכן און פון שטרוי;
זיי פלִעגן גלייך צו מיר אויף הענט
ארויפלייגן פון נאכט דאָס בלוי.

ווו איז מיין אלטער דאך אצינד?
די פוילע שינדלען זיינע. ווו?
עס רייסט זיי אויפן מיסט דער ווינט,
און ברענגט מיר זייער יאָמער צו.

ווי קומט אויף נאכטיקן אספאלט דער ציטער
פון פיס אין זייער לעצטן גיין?
ווי קומען פלאמען הייסער און צעגליטער
ווי די רויטקייט אויפן דאך פון שטיין?

אין די אויגן שטייען תליות
אויך ווען זיינען צוגעמאכט;
שריפות ליגן היגמער וויעם
כאָטש ס'האט זיי אָפגעווישט די נאכט.

דער שלאָף פאַרמאַכט די אויגן בײַ דעם גוטן,
און אויך בײַ יענעם, וואָס איז שלעכט.
די האַנט, וואָס האָט געהאַלטן בייזע קנוטן
מיינט אויך צו זײַן אין רו גערעכט.

זי האָט פון לײַב די הויט געריסן,
געקליבן און געסאָרטעוועט די האָר;
זי ווייסט פון דעם ניט איצט זי וויל ניט וויסן.
זי מיינט צו בלײַבן אומשולדיק און קלאָר.

לעצטער דורכגייער פאַרמאַכט דעם טויער.
פון זײַנעם אַנדערש איז מײַן טראָט,
מיר גייען דעכער נאָך מיט לויער,
מיר דראָט מיט מורעם לעריע שטאָט.

דאָ איז געווען מײַן פוס פאַרבאָטן,
אויך איצט דערוואַרט אים ניט קיין שוועל;
דער לאַגער איז ניט מיט קיין דראָטן,
און דאָך ניט גראָמער פון אַ צעל.

נאַכט. עס שלאָפן רויטע דעכער.
אויפגעשפּיצטער ווערט מײַן טרויער.
ניט־געזעענע פאַרברעכער
מאַכן צו דעם לעצטן טויער.

## שטאָט אין חורבות

א לײדיקײט. דער ריח פֿון געפּאַרן
איז אַלץ נאָך דאָ.
גיטאָ קײן װאַנט דעם שאָטן אָנצושפּאַרן.
בײַ װאָס דעם בליק פֿאַרטשעפּען איז ניטאָ.

הױפֿנס שטײנער װילן קלענער זײַן. זײ קענען ניט פֿאַרטראָגן
דעם בלױען הימל. צופֿיל שײַן
איז דאָ אױף שטענדיק־שאָטנדיקע ראָגן.
ברוקירטע גאַסן גײען גלײַך אין האָריזאָנט אַרײַן.

מע קען דערהערן: עמעצנס געװײנען
װאָס זײַנען שױן אַנטשװיגן לאַנג.
פֿון זיך אַלײן די טריט, און מײנען,
אַז זײ זײַנען דאָס פֿון שטענדיק קראַנק.

מע קען דערהערן אױך די שטילקײט,
װאָס טראָגט פֿון װיסטעניש אין זיך דעם סוד.
מיט איר װעט דאָס געמיט שױן שטענדיק פֿול זײַן,
װי פֿול עס איז מיט איר די חרובֿדיקע שטאָט.

## שטוטגארט

ביסט שיין.
מיר איז טרויעריק פון דעם וואס דו ביסט שיין.
אזויפיל הימל איבער דיר — און מיר פעלט לופט.
אזויפיל מענטשן אויף דער גאס — און כ בין אליין.

דיינע הייזער שטייען רחבותדיק אויף גרינע שטאפלען.
די פענסטער ווישט דער טאג מיט פייכטע וואָלקנס,
און לאזט אין זיי א לעבעדיקע זון זיך צאפלען.

אין דיינע הויפן ליגט דער האריזאנט ביי סאמע ווענט
אינאיינעם מיטן עפלסאד.
מענטשן רירן אן אים מיט די הענט.

פון זיי האט עמעצער מיין היים פערברענט.
פערטראג איך נים: די אויסגעווישטע פענסטער,
גרויס און קלאָר,
די לעבעריקע זון, וואס צאפלט זיך אין מיינע האר.

פערטראג איך נים: דעם האָריזאנט, וואס האט
דעם בליק ביי יענעם
נים מילד געמאכט,
דעם עפלסאד, וואס האט אים זיסע פרוכט געבראכט.

ביסט שיין.
מיר איז טרויעריק פון דעם, וואס דו ביסט שיין.

# הארבסט

אין פרעמדער שטאָט
איז אפילו טרויער אויך נים מיינער.
די געלע בלעטער אויפן טראָטואר
גייען מיר נים אָן.
די שטיקער כמארע אויף די דראָטן – אויך נים.
איך בענק נים מים מיט הויכע מויערן
נאָך גלאַנץ פון דעכער.
נאָך ליכטיקייט פון שויבן.
דאָרט זיצן די, וואָס האָבן אויף מיין ברודערס קאָפּ
די האנט פארהויבן.
און קוקן אויפן הארבסט
וואָס איז אין פלעשער ביר.
עס ארן מיר נים אומעטיקע אויגן –
זיי האָבן אויף מיין ברודערס צער געקוקט.
און אים נים צוגעזען.

*

א גרויער נעפל האָט די שטאָט אוועקגענומען.
איז געבליבן נאָר:
א געלער פלעק פון פארק,
א שמאָלע לענטע פון א גאס. וואָס איז געווען,
און טונקעלע סימנים פון געביידעס.

אלע פענסטער זיינען אויסגעלאָשן,
אלע וויעס סודותדיק אראָפּגעלאָזט.
ביי וואָסער ליכט זאָל איך ארויסליינען
פארברעכנס, וואָס דער נעפּל האָט אוועקגענומען?

*

כ'גלייב נים אין דעם טונקל פון שווארצאפל,
כ'גלייב נים אין פארלאָרנקייט פון הענט.
דאָס האָט דער הארבסט אריינגעטאָן דאָס גרוי
אין זוכנדיקע אויגן.
דאָס האָט אזוי
אָקטאָבער שמאָל געמאכט דעם גוף —
ער זאָל די רעשטלעך זון נים צונעמען
ביי פייכטע ווענט.

*

בלאָנדע קינדער אינם פארק
זיינען שענער פון אָקטאָבער.
מיינע אויגן, ווייסן נים פון זיי.
אויגן זעען געסעלעך אין געטאָ,
הייזער — גריבער פינסטערע,
אויסגעגראָבענע אין טאָג,
און קינדער יידישע, וואָס זיינען בלייך.
בלאָנדע קינדער אינם פארק
זיינען ווייטער פונם האָריזאָנט.

# מיר ווארטן בּידע

צו מיין שוועל ראַכקען נים זאָגן מיינע —
נים אויף מיר האָט זי געוואָרט.
צו מיין טיר איך קען נים קומען מיט קיין טענה
הלמאי איך טרעף זי צוגעשפּאַרט.

פים פון דייטשן האָבן דאָ געטראָטן
דעם רויטן שטיין, וואָס פירט אריין אין הויז;
פון הויפנס מיסט. וואָס ווינט האָט אנגעשאָטן,
די שרעק פון חורבות קוקט צו מיר ארויס.

די קליאַמקע איז אַ ביסל איינגעבויגן.
גלייך עס וואָלט געדריקט אויף איר אַ האַנט.
מיט קאַלטער שיין פון שכנים בייזע אויגן
גלאַנצט די בלאַקיט פון מיין צימערס וואַנט.

מיין וווינונג דאָ וויל נאָענט מיר נים ווערן,
איך וויל נים אויך זי זאָל מיר נאָענט זיין.
מיר ווארטן בּידע אויפן גוטן שטערן
וואָס וועט מיר פירן אין אַ היים אריין.

# מאי

מיר וועלן באלד פארגעסן שוין, פארגעסן,
דער מאַי איז שוין אפילו דא אין לאנד.
ווייטיקדיקע ציים פארוואקסט מיט די מעת־לעתן
ווי מיט זהוית א טיפער שניט אין האנט.

צון גרויסער שרעק וועט נאָר א שוואכער ציטער
בלייבן אויף דער ליפּ ביים ראנד.
אין הארצן וועט פאַרשטיקן דאָס געוויטער
פון פּיין און צאָרן, אומהיימלעך – באקאנט

וועט זיין דער רויש פון וואקסנדיקע גראָזן
דער שאָרך פון טוי, וואָס פאלט אויף ווייכער ערד,
דער ווינט, וואָס וועט אין יונגע בלעטער בלאָזן,

און דוכטן וועט זיך אונדז: מיר האָבן דאָס געהערט,
שוין לאנג, שוין לאנג, אין יענער צייט געוויס
ווען אוראלטע, מיר האָבן ווילד געקנאַקט די ניס.

# פיינטשאפט

אינמיטן טאָג דעי זעסטו פלעקן אויף דער זון.
און בלויען גלאַנץ פון קאַלטע מעסערשאַרפן.
דעכער ווערן קאַנטיקער או אויפן ברוק
דייטלעכער די קרומע שאָטנס וואַרפן.

אין קלאַפ פון ראָד דערהערסטו
שלעכטע סודות און ער רעגט דיר אויף.
עס ארט דיך וואָס דער פויער ליגט און שטרוי
און וואָס דאָס פערד האָט אָפגעשטעלט זיין לויף.

דו פילסט גענוי ווי ס׳פאלט אַראָפ די פאַרב
פון פלויט און ווענט. ווי אָפגעדאַרטע קאָרע.
אלע קלאַנגען ווערן קריץ פון ציין.
וואָס ווארטן הונגעריקע אין א וואָלפן־נאָרע.

דאָס איינן לייב האָט אַ געדוך פון ערד,
וואָס פינגער רירן אָן איז הוילער ביין.
מיט פיינדשאפט קוקט אויף דיר געפלעקטע זון.
און פיינט באקומסטו דע־אָלט זיך אליין.

# מע רעדט פון דעם גלאָז

מע רעדט פון דעם גלאָז שטיל. מע זאָגט:
מע האָט זיי צו די גריבער נאַקעטע געיאָגט
מיט בייטשן און מיט הינט. ווער ס׳איז קוים געגאַן
עס האָבן זיי אין נאָס מיט אַ נאַגאַן.

מע רעדט. מע פרעסט די ליפן איין מע בלאָזט זיי אויף.
די צונג פאַרביינגט דעם שפּיץ אַראָפּ אַרויף.
אַ צאָן גיט גאָלדיק פון דער מיף אַ שיין.
און וואַרפט אין אויג אַ שטראַל פון זון אַריין.

מע רעדט. די ווערטער האָבן פאַ׳ב און קלאַנג.
מע זעט די פיס וואָס זיינען בלאָ פון גאַנג
און טרעטן באָרוועסע אין הויפנס שניי.
מע הערט פון דייטשן זייער ווילד געשריי.

מע רעדט פון דעם גלאָז. שטיל גענוי.
מע קוקט אַרויף: די הימלען זיינען בלוי.
מע קוקט אַראָפּ: מע דאַרף שוין ניט ע שיך.
די לופט איז פריש. מע שלינגט זי גיך.

# איך רויכער ניט

איך רויכער ניט. דאָך ווייס איך קלאָר פאַרוואָס
עס איז מיר ליב די וואַרעמקייט פון פאַפּיראָס.

און נאַכטיקן וואַגאָן איז היימלאָז דאָס געביין,
און ס'איז אַלצאיינס וווּהין די באַן וועט גיין.

עס איז די נאַכט אַ לאַנגער פינסטערער טונעל.
און וועט מיר סיוויסיי ניט ברענגען צו קיין שוועל.

דאַן גיט אַ פאַפּיראָס, אַן אָנגעצונדענער, אַ פינקל,
און היימיש ווערט אין פינסטערניש אַ ווינקל.

איך מיין: אַ פענסטער ווינקט פונווייטנס דאָס צו מיר.
צי נאָר אַ שיין פון אַ באַקאַנטער טיר.

איך שטרעק די פינגער אויס צום גלי פון פאַפּיראָס –
אַ הייסער אָטעם גיט אויף מיר אַ בלאָז.

אַ פלאַם, אַ נאָענטער, וואָס האָט שוין לאַנג דערברענט,
לייגט ווידער זיך אויף מיינע קאַלטע הענט.

אַ רגע, צוויי, ווערט היימיש מיר און העל,
כאָטש ס'איז די נאַכט אַ פינסטערער טונעל.

איך רויכער ניט. דאָך ווייס איך קלאָר פאַרוואָס
עס איז מיר ליב די וואַרעמקייט פון פאַפּיראָס.

## בײַ דער פּולדאַ

די שטילע רייד פון טײַכל זײַנען ניט גענוג. —
די שטאָט איז ניט געוואָרן אַנדערש.
מיט האַרטע שטײנער שרעקט דער פֿרעמדער ברוק,
די הײַזער קוקן אַלץ נאָך שטרענג
און ניט גאַסטפֿרײַנטלעך.
די רויטקייט אויף די דעכער איז געבליבן;
זי גייט ניט אָפּ,
און ווערט ניט בלייכער.

פון גלאַטן סאַמעט, פּולדאַ ביסטו ווייכער.
די ווייכקייט פון דײַן וואַסער פילט דער ברעג,
און גיט זי מיר ניט איבער.
דורך גראָזן שעפּטשעט ער צו מיר:
איך זאָל אַוועק,
איך זאָל ניט צונעמען בײַ אים די זון,
ניט מאַכן אים קיין פלעק
פון אומעטיקע טריט.

דו זאָגסט ניט:
דעם רוקזאַק נעם אַראָפּ פון מידער פּלייצע.
און וואַש די פיס אין מיר.
ביסט גלייכגילטיק.
גרינע פּלאַנצן זע איך אויף דײַן דנאָ;
זיי זײַנען פּײַכט
און פרוּוון ניט אַ גלעט טאָן מײַניע אויגן.
מײַן שאָטן האָט דער ווינט אַוועקגעבויגן.

א גאנצע וועלט איז אין דיין טיף פאַראַנען:
די ווייטסטע וואָלקנס.
אויף דער בוים, וואָס שטייט ביי דיינע פיס.
יאָרהונדערטער איז איבער דיר געגאַנגען
דער הויכער רוים.
די צייט.
נאָר פאַר מיר איז אין דיין ברייטן שוים
ניטאָ קיין אָרט.

איך ווייס פון וואָס דו קענסט דערציילן:
פון גוטע פינגער אין פאַרליבטע נעכט.
וואָס קענען טרויער היילן.
ווי שיין עס זיינען נאַסע שטערן
אויף מאָביקן געלענער פון א טייך.
עס וועט פאַרדריסן מיינע אומעטיקע הענט
וואָס ווייסן אַנדערש
און וועלן ניט פאַרהיילטע ווערן.

ביסט דורכזיכטיק און קלאָרער פון קרישטאַל.
האָסט מיט דיין זויבערקייט געוואַשן
דאָס לייב פון דיינע זין.
איז דערנאָך געשען:
דאָס בלוי, וואָס האָסט אריינגעטאָן אין אויגן
האָט זיך פאַרמישט מיט רויטס.
די ווייכקייט, וואָס דו האָסט דער האַנט געגעבן.
איז מיט א האַרטן קלאַפּ געפאַלן אויף מיין קאָפּ.

ווִיפל ליפּן האָבּן דיר פאַרשטאַנען
געזאָגט: בּיסט שיין.
שפּעטער אויף מיין בּרודער אָנגעשפּיגן.
וויפל אויגן האָבּן דיר־פאַרשטאַנען.
אָנגערירט דיין שפּיגל
געזאָגט: בּיסט צאַרט.
דערנאָך דאָס קינד דערשראָקן אינם וויגל.

דיין בּלויער גלאַנץ דערמאַנט מיר ניט די שיין
פון גוטע אויגן.
בּלויע אויגן האָט מיין חברטע געהאַט –
זי איז פאַרבּרענט געוואָרן אין מיידאַנעק.
דיין שטילער רויש דערמאַנט מיר ניט דאָס פּלאַפּלען,
פון א קינד אין שלאָף.
זיסע ליפּלעך האָט דאָס קינד געהאַט
און איז פאַרבּרענט געוואָרן אין מיידאַנעק.

קיין פריינד וועסטו ניט ווער מיר בּאַשטימט.
דו ווילסט איך זאָל דערמאַנען ווי נאַיוו
עס איז די לאָרעליי.
ווי אומשולדיק עס קלינגט די שווערד
בּיי פיס פון ריטער.
איך האָבּ געזען זיי.
איך האָבּ געהערט.
איך האָבּ דיר נאָר צו זאָגן פון פאַרבּרעכנס.

אויף מיינע ליפּן גליט אַן איינאונאיינציק וואָרט.
דו וועסט זיין הייסקייט. פּולדא, ניט באַנעמען.
עס האָט אין זיך דעם אומרו פון אַ ים.
וואָס שטורעמס רעגן אויף.
די שקיעה, וואָס צינדט די וואַסער אָן אויף רויט
איז בלויז אַ, אָפּשיין פון זיין פאַרב.
דו וועסט זיין פלאַם ניט לעשן.
אפילו ווען דו וואָלסט געוואָלט.

דיין נאָמען וועל איך גיך פאַרגעסן. פּולדא.
ווי גיך פאַרגעסן וועט דיין ברעג
מיין שוואַכן שפּור.
איך בין אַ מידער וואַנדערער אין וועג,
דאָך איז מיין עלנט גרינגער פון דער שולד
וואָס ליגט אויף דיר.
איך פיל ווי נידעריק ער בויגט מיין קאָפּ —
דו פילסט איר ניט. דער שולד.

## צו אן אוישוויצער

ווען דייגע פלאָגן שרייבן — ציטערט מיר די פען,
נעבעכדיק זעט אויס דאס ווייסע בייגעלע פאפיר;
גאר מיין הארץ איז מיטגעגאן מיט דיר,
מיין גוף, ווי דיינער, איז אין ווייטיק ניט געווען.

דער אוונט איז צו שטיל, אז איך זאל וואגן
טראכטן וועגן דעם,
ווי דו געשריגן האסט אין אזא נאכט אריין.
צו רחבותדיק מיין שטוב, צו קלאר פון לאמפ די שיין,
וואס פאלט א ווארעמע אראפ אויף ברעם.

כדי דעם ציטער פון דיין הויט דערמאנען בלויז
באדארפט האב איך צו שטוב און לאמפ ניט קומען;
ס'איז הויל דאס ווארט וואס בלומיקט אויף מיין גומען
און האט קיין שטארקייט ניט אויף אנרופן דיין גרויס.

מיין גוף איז גאנץ. אנטקעגן דיינעם האט ער ניט די ווערט
די נעבעכדיקע ווייסקייט פונם בייגעלע פאפיר;
ער וועט שטענדיק חלומען פון דיר,
און מינער זיין פון דיינעם אויך ווען ער וועט ווערן ערד.

## איך בין שוין אויך געוווינט

ווי איז מיר! איך בין שוין אויך געוווינט צו הערן וועגן דעם.
עס טוט א לייכטן ציטער נאר די ברעם.
עס גיט ביים הארצן נאר א שארפן קלעם —
ווי איז מיר! איך בין שוין אויך געוווינט צו הערן וועגן דעם.

אין גרויסע מחנות זיינען זיי געגאן
ווי קעלבער צו דער שחיטה, צו דעם גרויזאמען שלאבאן.
אין פי־וואגאָנען, צו אכציק־ניינציק־הונדערט מאן
האט זיי געשלעפט דערנאך א לאנגע סודותדיקע באן.

געשלעפט. געשלעפט. די רעדער האבן נאר געמאכט:
רע־טונג. רע־טונג.
ס'האט לופט געפעלט דער איינגעפרעסטער לונג.
אין ווייסן שליים געוועזן איז דער צונג.
די שלייפן האבן מיטגעקלאפט: רע־טונג.

שפעטער האט מען קיין מיידאנעק זיי געבראכט.
די מערדער האבן מיט געשריי די טירן אויפגעמאכט,
און מיט צעקרומטע מיילער הילכיק זיך צעלאכט:
די יידן האבן אויף די וועגט געמאכט!

מע האט זיי ווידער האלב־פארחלעשטע געטריבן גיך
אויף רעכטס, אויף לינקס, געהייסן אויסטאן זיך,
די קליידער אויפהענגען, צונויפשטעלן די שיך,
און לויפן גיך אין באד אריין. נאר גיך! נאר גיך!

ווי איז מיר! איך בין שוין אויך געוווינט צו ריידן וועגן דעם.
עס טוט א לייכטן ציטער נאר די ברעם.
עס גיט ביים הארצן נאר א שארפן קלעם —
ווי איז מיר! איך בין שוין אויך געוווינט צו ריידן וועגן דעם!

# פרילינג.

כ׳בין שולדיק קעגן זיי. כ׳בין שולדיק.
מיט יעדן אָטעם. וואָס איך טו
פון הויכע הימלען אין אפריל
די בלויע רו.

כ׳בין שולדיק קעגן זיי. כ׳בין שולדיק.
מיט יעדן שפאַן אויף פייכטן גראָז.
וואָס מאכט פארגעסן אינם טרויער
און לעשט פארדראָס.

כ׳בין שולדיק קעגן זיי. כ׳בין שולדיק.
מיט יעדן שאָרך. וואָס איך פארנעם.
מיט יעדן שמייכל פון דער זון.
וואָס פרייט מיין ברעם.

זיים מוחל מיר. זיים מוחל מיר דערפאר־
ס'איז איבער מיר אריבער די געפאר.

איך בין דערזעלבער וואָס מיט יאָרן צריק;
זוך פרילינגדיקע הימלען מיטן בליק,
האָב ווידער ליב ביי אָוונטשויב צו שטיין,
און זאָגן אויפן זונפארגאנג: ווי שיין.
פארגעסן גאָר, אז אָט אזוי געברענט
עס האָבן אויך די שמאָלע געטאָ־ווענט,
און יעדער הויז געוועזן איז א פלאַם
פון זון נאָך בלוטיקער און גרעסער מן־הסתם.
און וויפל געבנס ס'האָבן הענט פארשפארט —
מיין איך אליין, אז פינגער זיינען צארט.
און וויפל ס'האָבן הענט פארגאָסן בלוט —
מיין איך אליין, אז פינגער זיינען גוט.

זייט מוחל מיר. זייט מוחל מיר דערפאר!
ס'איז איבער מיר אריבער די גפאר
די זעלבע זון. וואָס צוריק מיט זיבן יאָר,
איז ווארעם און איז גוט צו מיינע האָר.
זי זיינען נים געוואָרן ווייס ווי שניי.
ווי ס'דארפן ווערן האָר אין גרויסן וויי.
און איך אליין בין אלץ דערזעלבער נאָך:
שרייב טרויעריקע לידער שפּיל אין שאָך,
גיי אין קינאָ איינמאָל אין דער וואָך
מיט ווילדע אויגן אָנגעפילט מיט בראָך.
און וויפל וויטיק ביזע און זע אצינד —
עס ווערן מיינע אויגן אלץ נים בלינד.
און וויפל יאָמערן עס קלאפן אין מיין שויב —
עס ווערן מיינע אויערן נים טויב.

זייט מוחל מיר. זייט מוחל מיר דערפאר!
ס'איז איבער מיר אריבער די גפאר.

# ניט פֿאַרענדיקט

ניט פֿאַרענדיקט איז די ווייסע נאַכט. —
די האַנט. וואָס האָט די שנייען אויסגעשאָטן
איז נאָך געבליבן מיט א פֿולן הויפֿן.
ניט אַלע שטערן זיינען אויף דער ערד
אַראָפּגעפֿאַלן.
נאָך זיינען פֿעלדער ניט געוואָרן שטיקער וואָלקן. —
אויך איך בין ניט פֿאַרענדיקט נאָך.
און זע דאָס אַלץ מיט אויפֿגעמאַכטע אויגן.

# נאָכן שניט

אויף ערד איז הארבסט. אויך די וואָלקנס וויאַנען.
הימלען זיינען פעלדער נאָכן שניט.
א גרויסער עלנט איז אויף וועלט פאראַנען —
פון די מענטשן זעט אים קיינער ניט.

דער ריח פון דער ערד איז אומעטום.
פייכטע פלאַנצן זיינען אויך די שטערן;
אין הימל שווימט א נאַסע בלאַט אַרום
און קען ניט קיין לבנה ווערן.

## פארלעש דאס ליכט

פארלעש דאָס ליכט. זאָל בעסער פינסטער זיין.
איך וועל אוועק. און דעמאָלט הערן
ווי ס'פאלט די ערד אין אייביקייט אריין
באגלייך מיט אלע פאלנדיקע שטערן.

כ'וועל ווערן שטיין און שטאָל. אפילו שטויב.
דערפילן דיר ווי דער אספאלט דערפילט
די שיין. וואָס פאלט אויף אים פון שויב.
באנעמען דיר, ווי הארטער שלאָס באנעמט
די אויפרעגונג פון זוכנדיקע פינגער.
און אויך פארשטיין. וואָס איך האָב קוים פארשטאנען:
עס האָט דאָס ליכט אין דיר געברענט,
און נים געלאָזן מיר אוועק פון דאנען.

# איצט דארף איך זיין

איך טרעט אריין אין מיינע רייפע יאָרן,
מיין לעבן ווערט שוין אויבעט רייף.
איצט דארף איך זיין ווי פון דעם הויכן קאָרן
די פולע זאנגען קערנדיק און שטייף.

גענוג האָב איך גענומען ביי דער זון און שטערן
סיי ווארעמקייט סיי קלארע שיין.
געמיינט אז הימלען וועלן גאענט ווערן
און ביזן האָריזאָנט פארשטענדלעך זיין.

די רייד פון ווינטן דארף זיין מיר אייגן,
ווי דאָס פלאפלען פונם שכנס קינד.
צו ערד דארף איך דעם קאָפּ מיט ליבע בייגן,
ווי דאָס טוט דער בוים מיט פרוכט אין ווינט.

כ׳בין נים אזוי. עס איז מיין גוף נים צייטיק,
און טראָגט נאָך אלץ פון ערשטן שפּראָץ דאָס גרין.
איך וויים נים וואָס עס מיינען בונטע ווייטן,
נים פון בלייבקייט איינגענער דעם זין.

די פארב פון זומער איז נאָך מיינע נים געוואָרן,
זיין זיסקייט האָב איך נים פארזוכט.
איך טרעט אריין אין מיינע רייפע יאָרן
און פיל נים, אז איך זאָל שוין טראָגן פרוכט.

# טאָג

א ריינער טייך איז טאָג.
ער ליגט אין ברעגן פון דעם האָריזאָנט
און שפּיגלט אָפּ:
א שטאָט מיט מויערן.
און יעדער מויער שטייט מיט דאך ארויף.
ביימער, וואָס זיי וואקסן פון דער ערד.
בערג, וואָס ווערן שפּיציקער צום הימל.

א ריינער טייך איז טאָג.
מען זעט אין אים די מענטשן גיין
מיט פיס אויף ערד –
קיין פלעקן בלייבן ניט פון זיי
אויף וואסערן פון טאָג.

# ער איז נים געקומען

טראכט די פרוי אין שווארצן קלייד
מיט א שטיל באדויערן:
עס האָט אָקטאָבער שטילערהייט
געעפנט אלע טויערן —
און ער איז נים געקומען.

זאָגט די פרוי אין ווינט אריין:
דער טאָג איז פייכטע גריבער.
א וואָרף געטאָן האָט ער זיין שיין
איבער זיי אריבער —
און איז נים געקומען.

וויינט די פרוי אין וואָלקנשאל:
פארגיי אויף מיינע וויעס!
ווי דער הארבסט אין בלעטערפאל
טוט די בענקשאַפט אין מיר גליען —
ער איז נים געקומען.

מאָנט די פרוי אין שווארצן קלייד
ביי אויפגעמאכטע טויערן:
איך בין שוין גרייט. איך בין שוין גרייט
פאר אָוונטיקע טרויערן —
ער איז נים געקומען.

אינהאלט:

אינהאלט:

